


פארלאג
"קולטור=ליגע"
"װארשע"

האָב אַ מעשהלע אַ שיינע,
פֿאַר די קינדער מײַנע קליינע.
זײַט זשע, קינדער. שטיל און שאַ·
ס איז מײַן מעשהלע אַזאַ:



ערגעץ ווײַט, ווייט, ווײַט פֿון דאַנען,
צוצוקומען ניט מיט באַנען,
ניט מיט שיפֿן, ניט מיט פֿערד —
ערגעץ אויף אַ ווײַטער ערד

האָט אַ טאָל זיך דאָרט געפֿונען.
און אין טאָל איז דורכגערונען,
ווי אַ שנירל ווײַט און גלײַך,
ווײַט און גלײַך, אַ קליינער טײַך.

און בײַם טײַך פֿון בײדע ברעגן, —
זײַנען שטיבער פֿיל געלעגן.
שטיבער. גאַסן און אַ מאַרק,
און בײַם זײַט פֿון מאַרק אַ באַרג.

און די גוים און די ייִדן
האָבן דאָרט געלעבט צופֿרידן.
ווער אין פֿרייד און ווער אין נויט,
יעדער האָט געהאַט זײַן ברויט.



האָט זיך אײַנמאָל דאָרט געטראָפן,
אַז דער זומער איז אַנטלאָפן.
נו, איז וואָס איז דאָ דער שרעק,
אַז דער זומער לויפט אַוועק?

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און מאַרק און פּלייט
אין אַ שנייִק-ווײַסן קלייד.

ווײַס און ליכטיק אַ פאַרשנייטער,
און אַ ווײַטער און אַ ברייטער.
שטייט אזוי דער ווײַטער וועג
ביז די לינדע פסח-טעג.

גוים קומען זיך צופאָרן
פירן פולע שליטנס קאָרן,
גענז און האָלץ, און שטרוי, און היי.
אָנגעלאָדן אָט אזוי.



יידן שמײַען אום און לויפן,
דינגען, קויפן און פאַרקויפן;
יעדן ייִדנס פּנים שײַנט:
סאָראַ מאַרק אַביסל הײַנט!





בער דאָס איז פאָרגעקומען,
אַז דער ווינטער איז געקומען
נאַס און פינסטער, ווי אַ גרוב,
כאָטש ניט גיי אַרויס פון שטוב.

און אַ רעגן האָט געגאָסן
ניט ווי ווינטער, נאָר ווי אָסיען,
און קיין שניי איז ניט צו זען,
ווייל קיין שניי איז ניט געווען.

בלאָטיק איז אין מאַרק געוואָרן
ניט צו געהן און ניט צו פאָרן;
גיין און פאָרן—וואו און ווי,
אַז ס'איז בלאָטע ביז די קני.

ווערט אַ גוי אין מאַרק פאַרטראָגן,
בלייבט אין בלאָטע שטיין זיין וואָגן,
שעלט דער גוי, זיין בייטשל קנאַלט,
שלעפּט דאָס פערדל, ביז עס פאַלט.

פאָרט אַרויס אַ בעל-עגלה,
וויאָקעט, נאָקעט - מיט אַ קללה,
צי מיט גוטן-פערדלעך, פאָרט,
און די פערדלעך, ניט פון אָרט!



און די יינגלעך, ווי דער סדר,
לערנען ווינטער שפּעט אין חדר:
האָבן זיך געשראָקן שטאַרק
גיין אין בלאָטע דורכן מאַרק.







חברה לויפן אויף די גליטשן,
מאַכן קונצן, הילכן קוויטשן,
און דער אײַז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הייך.

שקצים אין די גרויסע היטלעך
פליען באַרג אַראָפּ אויף שליטלעך
מיט אַ פייף און אַ געשריי.
קוליע, קוליע-און אין שניי!

ייִנגלעך ראַיען זיך און שלעפן,
קײַקלען קלעצער שניי און קלעפן
פעטער שנייערס גוט און וואויל,
מיט אַ נאָז און מיט אַ מויל.

שטייט אַ ייִנגל בײַ דעם טויער,
רייבט דעם אויער: פעטער שנייער,
זאָלסט אַזוי ביז פסח שטיין,
ביז מען דאַרף אין חדר גיין.







אָבן מענטשן פיל געטרויערט,
וואָס די בלאָטע לאַנג געדויערט.
וואָס קײַן שניי איז ניט צו זען;
און קיין שנײַ איז ניט געווען.

האָבן מענטשן זיך דערשראָקן,
גוים קלינגען אין די גלאָקן,
יידן טיאָפּקענען אין שול,
אַז די גרויסע שול ווערט פול.

און די יינגלעך פון דעם חדר,
יעדער יינגל טוט אַ נדר:
שניי געטרייער, קום שוין, קום!
איך וועל ווערן גוט און פרום.

קויפט א יינגל ניט קיין בייגל,
קויפן פליט ער, ווי אַ פויגל,
אַ לאַמטערן פון פּאַפיר,
רויט און לויטערן קאָליר.

נו, איז דאָרט געווען אַ יינגל,
האָט מען אים גערופן צינגל,
צינגל כוואַט—און צינגל כוואַט
האָט קיין מורא ניט געהאַט.

ער פלעגט לאַכן: אַ לאַמטערן!
כ'האָב קײַן מורא ניט פאַר בערן,
וועל איך מורא האָבן גיין
דורכן מאַרק בײַנאַכט אַליין?

יינגלעך זיצן, הערן, שווײַגן.
אַלע ווייסן גוט, אַז לײַגן
צינגל כוואַט וועט קײנמאָל ניט,
ער איז דאָך ניט יוקל שמיד!





און אין אָוונט, ווי דער שטייגער
קוקט דער רבי אויפֿן זייגער,
און ער זאָגט אַרויסעט קוים:
קינדער, נו, שוין צייט אַהײם! —

ווערט אַ טומל, טיבֿ צו ווערן:
— בערל־רעדל, מײַן לאַמטערן,
גיבֿ מיר פײַער — קאָפּל־האָן,
צינד מיר מײַן לאַמטערן אָן!

לאָזן ייִנגלעך זיך צוזאַמען,
די לאַמטערנס — רויטע פֿלאַמען.
פֿינסטער לײַכטן זיי דעם וועג,
און זיי ציטערן פֿון שרעק.

פֿלוצלינג טוט אַ פֿרעג אַ ייִנגל:
קינדער, וואו איז איצטער צינגל?
צינגל דאַרט און צינגל דאָ,
צינגל איז מיט זיי ניטאָ.

קוקן זיי אין אַלע זייטן —
פֿלוצלינג זעען זיי פֿון ווײַטן,
צינגל טוט אַ פֿאַל, אַ כליאָפּ,
און אין בלאָטע ביזן קאָפּ!

ווערט אַ ליאַרעם. שרייט אַ ייִנגל:
— וואַרט אויף מיר א רגע, צינגל! —
און צו צינגלען צוצוגיין
שרעקט דאָס ייִנגל זיך אַליין.

צינגל שטייט אין בלאָטע פֿריילעך
און צעזינגט זיך פֿריילעך: הולך!
וואַרפֿט זיך, דרייט זיך, ציט זיך אויס,
קאָן פֿון בלאָטע ניט אַרויס.

ווערט אַ יאָמער: צינגל, צינגל!
אָבער יעדער חדר־ייִנגל,
האָט ער אָפּגעלערנט קוים,
דאַרף ער קומען באַלד אַהײם.



בלייבט אין בלאָטע צינגל שטעקן.
אָבער צינגל וועט זיך שרעקן?!
צינגל קלערט צו זיך אַליין:
כוועל אַזוי ביז מאָרגן שטיין,

כוועל אַזוי אין בלאָטע שלאָפן...
אָבער דאָ האָט זיך געטראָפן:
דורכן מאַרק אַ פּריץ רייט,
זעט ער צינגלען פון דער ווייט.



לאָזט דער פריץ זיך פון ווייטן
אויף זײַן גוטן פערד צו רײַטן —
און פאַר צינגלען-איינס, צוויי, דרײַ,
שלעפּ-און צינגל איז שוין פרײַ!

און דער פריץ איז אַ גוטער,
טוליעט צינגלען אין זיין פוטער,
אָבער צינגל זיצט און ברענט —
רייסט זיך פון דעם פריצס הענט.

און דער פריץ קנייטשט-זיין שטערן:
- ווי, דו האָסט ניט קײַן לאַמטערן?
גייסט אַזוי אַליין ביינאַכט?
האָט זיך צינגל הויך צעלאַכט:

— אַ לאַמטערן, אַ לאַמטערן,
כהאָב קײַן מורא ניט פאַר בערן,
וועל איך מורא האָבן גיין
דורכן מאַרק בײַנאַכט אַליין?!

לאַכט דער פריץ. סאַראַ יינגל!
זאָג מיר, ווי מען רופט דיך?-צינגל
האָט קײַן מורא ניט געהאַט
און ער ענטפערט: צינגל כוואַט!

איז דעם פריץ שטאַרק געפעלן,
וואָס אַ יינגל זאָל זיך שטעלן
פאַר אַ פריץ איינס און צוויי;
און דער פריץ זאָגט אַזוי:





—כ'בין שוין גרוי און אַלט געוואָרן,
בין אַ וועלט שוין אויסגעפאָרן,
און אַ יינגל אַזאַ ברען,
האָב איך ערגעץ ניט געזען.

און אַז דו זאָלסט מיך געדענקען,
וויל איך אַזאַ זאַך דיר שענקען,
וואָס די וועלט האָט ניט געהאַט;
שווייַג און הער זשע, ציגל כוואַט.

כ'האָב דעם פערד, ער קאָסט מיר טייַער,
ער איז לויטער פלאַם און פייַער —
פליען פליט ער, ווי אַ פייַל,
אין אַ רגע דרייַצן מייַל.

און איך האָב אַ כשוף-רינגל,
אַזאַ רינגל פאַר אַ יינגל;
טוסט אים זיבן מאָל אַ דריי,
און עס הייבט אָן גיין אַ שניי.

און דו קאָנסט אַליין זיך שטעלן,
וועלכע זאַך איז דיר געפעלן:
צי דאָס רינגל, צי דאָס פערד —
אָבער ניט קיין סך געקלערט!



צינדט זיך אָן אינגאַנצן ציגל
— פערד צי רינגל, פערד צי רינגל?
און ער ענטפערט, ניט געקלערט:
כ'וויל דעם רינגל מיט דעם פערד!

לאַכט דער פריץ: סאַראַ יינגל
ביסטו, ציגל!... און דעם רינגל
גיט דער פריץ ציגלען אָפּ,
און ער שפרינגט פון פערד אַראָפּ.

און גיט ציגלען אָפּ די לייצע
און פאַטשט ציגלען אָן אין פלייצע.
ציגל קוקט: אָט-אָטאָ-טאָ,
און דער פריץ איז ניטאָ.

זשמורעט ציגל צו די אויגן,
וויאָ! און לאָזט זיך פייַל פון בויגן
מיטן רינגל דורכן מאַרק,
דורכן מאַרק און אויפן באַרג.

טפרו! דאָס פערד בלייבט שטיין און ציגל
טוט אַ נעם דעם כישוף-רינגל,
טוט אים זיבן מאָל אַ דריי,
און עס הייבט אָן גיין אַ שניי.

נו, צי דאַרפן מענטשן זאָרגן? —
מענטשן שטייען אויף פרימאָרגן,
קוקן זיי און קוקן זיי:
אַי, אַי, אַי, זאָל זיין אַ שניי?



ון זיי ווילן זיך ניט גלויבן,
טוען זיי אַ וויש די שויבן –
ווערט אַ שמחה, ווערט אַ פרייד:
— סאַראַ שניי האָט אָנגעשנייט!

זאָלן זיך די מענטשן פרייען
ווי זיי ווילן און פאַרשטייען,
זאָרגן האָבן זיי געהאַט;
וואו איז אָבער צינגל כוואַט?





זוכט די מאַמע: צינגל! צינגל!
רעדט זיך אויס אַ פלוידער-יינגל,
אַז אין בלאָטע צינגל שטעקט,
און דער שניי האָט אים פאַרדעקט.

נעמט די מאַמע וויינען, קלאָגן,
נאָר די קלוגע מענטשן זאָגן:
—לאָזט מען זיך אַזוי ניט גיין
דורכן מאַרק ביינאַכט אַליין!

אָבער אַזאַ כוואַט, ווי צינגל,
און מיט אַזאַ כשוף-רינגל,
און מיט אַזאַ גוטן פערד –
און ס'איז קיילעכדיק די ערד —

פליט מען גיכער, פריי און זיכער,
ווי דער ווילדער ווינט און וויכער –
טאָל און באַרג און וואַלד און פעלד
אין דער ברייטער, ווייטער וועלט.

איז זיך צינגל פייל פון בויגן
אויפן פערד אַוועקגעפלויגן,
ווייטער, ווינטער פון דער היים,
ערגעץ אין דער נאַכט, אין רוים.







בער ווען פון ווייטע וועגן
קומט דער ווינטער אָן מיט רעגן,
און קיין שניי איז ניט צוזען,
ווי קיין שניי וואָלט ניט געווען —

ווייזט זיך צינגל פייל פון בויגן,
פון דער נאַכט אַרויסגעפלויגן,
ניט געזען און ניט געהערט,
אויפן פריצס גוטן פערד.

און ער טראָגט זיך גיכער, זיכער,
ווי דער ווילדער ווינט און וויכער,
מיטן רינגל דורכן מאַרק,
דורכן מאַרק און אויפן באַרג.

טפרו! דער פערד בלייבט שטיין, און צינגל
טוט אַ נעם דעם כשוף־רינגל,
טוט אים זיבן מאָל אַ דריי
און עס פאַלט אַרויס אַ שניי.



איבערדרוקן פארבאטן

געדרוקט ביי י. הענדלער ווארשע 1922
אין צוויי אויפלאגעס צו צוויי טויזנט
עקזעמפלארן. קלישעס צוגעגרייט אין
צינקאגראפיע פון ה. גאלדבערג.

INGL-CYNGL CHWAT — MANY LEIB
WYDAWNICTWO „KULTUR - LIGE"
WARSZAWA 1922.

Druk. I Hendlera, Warszawa, Długa 26.

